מ. שימשעליעוויטש.

מינסקער

# שאכטים-טרעסט

מוזיקאלישע סאטירע אין 5 בילדער
מיט אַ פאררוואַרט פון העריס
מינסק 1925 יאר.

פרייז 50 קאפ.

ארויסגעגעבן
פון צענטראלן ראט פון די פראפפאַראיינען
אין ווייסרוסלאנד.

מ. שימשעליעוויטש.

# מינסקער
# שאכטים־טרעסט.

מוזיקאלישע סאטירע אין 5 בילד'ער.

מיט א פארווארט פון הערים.







ארויסגעגעבן פון קולט-אפטייל באם צענטראל-ראט
פון די פראפאריינען פון ווייסרוסלאנד.
מינסק — 1925.



# פ א ר וו א ר ט.

ווי אָנגעשריבן אַפן שאַר-בלעטל, ווערט די דאָזיקע פּיעסע ארויסגעגעבן דורכן קולט-אָפּטייל פון צענטראַל-ראַט פון די פּראָפפאַראיינען אין ווייסרוסלאַנד. דאָס גיט צו נאַטירלעך, אי אַ באַזונדער וואָגיקייט, אי אַ באַזונדער פאַראַנטוואָרטלעכקייט דער דאָזיקער פּיעסע.

וואָס שטעלט פאָר מיט זיך אָט די פּיעסע, וואָס זיינען אַזוינס אירע מאַילעס, מיט וואָס האָט זי אַזוינס אויסגענומען? אַ פאַקט איז דאָך, אַז אַף די פּילצאָליקע פאָרשטעלונגען פון דער פּיעסע, אין מינסק — איז דער אינטערעס צו איר געווען גוואַלדיק גרויס, ניט געקוקט דערויף וואָס הייַנטיקע צייטן איז מען אַף בופאָנאַדעס ניט זשעדנע. ניט קיין קלענערן רוישעם האָט די פּיעסע אָנגעמאַכט אין באָברויסק און אָרשע — צוויי אָנגעזעענע קרייז-שטעט אין אונזער רעפּובליק.

מיט וואָס האָט זי אויסגענומען און פאַרוואָס האַלטן מיר פאַר וויכטיק די פּיעסע צו רעקאָמענדירן אין פּראָווינציעלן רעפּערטואַר? אָט טאַקע וועגן דעם עטלעכע ווערטער.

מירן זיך ניט אָפּרופן אַף דער קינסטלערישקייט פון דער פּיעסע און ניט אַף דעם סקאַרבאָוון טערעץ, אַז וויבאַלד דאָס איז אַן אַרבקאָריש ווערק, איז עס פאָטער פון זיין גוט. אַזאַ מיינונג וואָלטן מיר האַלטן ניט פאַר קיין איבעריקס ריכטיקע. די מאַילע פון דער פּיעסע איז גאָר אַן אַנדערע.

די פיעסע סאַי לויט איר אינהאַלט, סאַי לויט איר פאָרם, סאַי לויט איר פרימיטיוון גראַם און סאַי לויט איר שפראַך, קען צוגערעכנט ווערן צו דער קאַטעגאָריע „מאַיסע כראָניקעס”. איר האָט דאָ אייגנטלעך אַ מאַיסע דערציילט אין גראַמען. אַן איבער-געפראזירטן היסטאָרישן דאָקומענט.

ווער עס איז באַקאַנט מיט דעם שאָכטים-פראָצעס, ווער עס איז אויסגעזעסן אַף דעם פראָצעס, יענער וועט גלייך באַמערקן, אַז אין דער פיעסע האָט איר גאַנצע שטיקער, קאַמאַט וואָרט אין וואָרט איבערגעגעבענע באַווייזן פון די איידעס אָדער פון די באַשולדיקטע. איר האָט דאָ די „פאָמוניצע-וואַסער אין אַ פאזשאר” פון זאַוול דעם שוסטער, דעם „ניע או סעביאַ” פון זייטשיקן א. א. וו. די גאַנצע טאַינעס אומאַינעס צווישן גלוסקינען דעם שטאָט-ראָוו מיט די קוסטאַרעס זיינען איבערגעגעבן קאַמאַט בוכשטעבטלעך פון די באַווייזן אין געריכט.

דער לעזער האָט דאָ פאַר זיך דעם פּראָטאָקאָל פון געריכט איבערגעסטיליזירט אין אַ שפיל.

מע דאַרף אויך צוגעבן, אַז דעם מעכאַבער איז געלונגען צו אופדעקן די מאַיסע מיטן שאָכטים-טרעסט און איינזען דאָ אַ פאַרבאָרגענע, פאַרמאַסקירטע קאָראָבקע.

אַלס אַ שפיל-מאַטעריאַל איז די פיעסע גענוג שפאַנענד, נאָענט צום לעזער און צושויער, לעבעדיק און אינטערעסאַנט. אַז פּאָליטיש ווערט זי באַרעכטיקט — וועגן דעם איז איבעריק צו ריידן.

און ווי אַ ווערק, ווי אַ זאַך, וואָס קען האָבן אַ באַדייטונג, ניט נאָר פאַרן היינט נאָר אויך שפּעטער, קען זי אָנגענומען ווערן צוליב דער דאָקומענטאַלער ריכטיקייט, צוליבן איינהייטן דעם קאָלאָריט פון פּראָצעס. ס׳איז קיין סאָפעק ניט, אַז דער פּראָצעס איבערן שאָכטים-טרעסט איז אַ שטיקל געשיכטע און די דאָזיקע פיעסע איז אַ דאָקומענט פאַר אָט דעם קאַפּיטל-געשיכטע.

אָט די געשיכטע, אין אַ פאָרם, וואָס מע קען דאָס פאַר־דייען און אַפילע האַנאָע האָבן — לייגט פאָר דער כ. שימשע־לעוויטש אונזער צושויער.

* * *

אין קיין איין שטאָדט איז נאָך די קאראָבקע ניט געווען אַזוי שטאַרק, ווי באַ אונז אין מינסק. יאָרן צענדליקער האָבן די כויקרים, מיט דער הילף פון די ראַבאָנים און דער פּאָליציי, פּאָשעט באַרויבט די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג פון שטאדט. צוזאַמען מיט די לעווקאָווס און די סטוטשינסקעס האָבן די ראַבאָנים איינ־געאָרדנט אַ מאָנאָפּאָל אַף קאשרעס. מען האָט אַפילע ניט דער־לויבט אַריינפירן פלייש פון אַנדערע שטעטלעך. אַז אַ קליינ־שטעטלדיקער אידל, פלעגט ווען אַריינפירן א קעלבל, געקוילעט ניט אין מינסקער שעכט־הויז, פלעגן אים די קליי־קוידעש צוזאַ־מען מיט דער צאַרישער פּאָליציי דערהיטן, אָפּנעמען באַ אים דעם וואָגן און נאָך אָנברעכן די ביינער דערצו.

אַפילע די אָקטיאבר־רעוואָליוציע האָט ניט געקאָנט צע־שטערן די קאראָבקע. די קאַצאָווים צוזאַמען מיט די ראַבאָנים האָבן נאָך אַלץ ניט אופגעהערט צו שינדן די פעל באַ די קאַב־צאָנים און אָרימע לייט, וואָס האָבן נאָך אַ צייט לאַנג געהאַלטן פון קאשרעס.

ערשט די לעצטע יאָרן, אַז דער גלויבן אין גאָט און זיינע דינער איז געוואָרן שוואַכער, האָט זיך אַ וואַקל געטאָן דער פלייש־מאָנאָפּאָל פון די מינסקער קאַצאָווים און שאָכטים.

דער נייער ראָוו גלוסקין, אַ יונגערמאַן, ווי כ. שימשעלע־וויטש זאָגט, מיט „אַן אַטעסטאַט" און עפּשער מיט אַ דיפּלאָם, האָט באַשלאָסן אופשטעלן דעם כאָרעוון ביניען און מיט זיין הילף איז געגרינדעט געוואָרן דער שאָכטים־טרעסט, וועלכער זאָל פאַר־בייטן די פריערדיקע טאַקסע. אַלע שאָכטים, וואָס זיינען מיטן

העסקעם פון ראָוו אַריין אין טרעסט, האָבן זיך פאַרפליכטעט אויסצוצאָלן געוויסע פּראָצענטן די קליי-קוידעש.

בערויש פון טרעסט איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ „ועד״, וועלכער האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „פּרעזידיום״. אין „ועד״ זיי-נען אַריין די שאָכטים ראַפּאָפּאָרט א איד, א באַל-גוף, אַ קאכלעפל בא די קליי-קוידעש; זייטשיק א איד, „וואס דרייט זיך״, א שווינד-לער און סווערזשענאווסקי, אַ געוועזענער מיליציאנער.

די געשעפטן וואלטן געגאַנגען זייער גוט, ווען דער טייוול טראגט ניט אן עפּעס א דרויקינען פון לעפל, א שויכעט, א כאסן-באכער, וועלכע קומט זוכן אין מינסק א שטעלע, אדער א קאלע. מיט אונטערגעשוירענע פּייעס אין אַ קורצן רעקל, הויבט ער זיך אָן דרייען אין פּרעזידיום. און פארלאנגט, אז מען זאל אים געבן אן ארבעט.

דער גאנצער סייכל פון טרעסט איז אבער באשטאנען אין דעם מאנאפּאל, האט מען דעם יונגן מאן ניט צוגעלאזן, פּונקט ווי מען האט ניט צוגעלאזן נאך א ריי אנגעקומענע שאכטים. דער נייער שויכעט האט זיך אבער ארויסגעוויזן פאר אן אזעס-פּאנים. און געוויזן דעם דין פון „הכל שוחטין״. ער הויבט אָן וואַרפן די מעקאָכים, קוילעט פאַר 5 קאָפּיקעס אַ הון; קריגט אַגרויסע קלי-ענטור. די יונגע קאראבקע-אינסטיטוציע ווערט געשטעלט אין געפאַר.

איינער פון די טרעסט-פירער, מייער סווערזשאנאָווסקי, וואָס האָט אַ יעדיע, וואו וואוילע יונגען געפינען זיך, לייגט פאָר צו ווענדן זיך צו מוישקע האָמענען אין ביר-קראָם. דאָרטן קלייבט זיך צונויף די פּניי פון דעם אונטערוועלט און דאָרטן וועט מען שוין עפּעס צוטראַכטן... די אונטערהאנדלונגען מיט מוישקע האָמאנען פירט שוין דער בען האָראוו זייטשיק אַליין. ס'בלייבט ענדלעך, אַז מען זאָל דרויקענען אָפּראַמען פון ווע, פּאָשעט „אָפּלייגן אַף קאַלט״.

מוישקע האָמאָן איז אַפּילע אַ איד, וואָס האָט אַ נאָמען פֿאַר אַזאַ, וואָס „קאָן איבערנעמען אַ האנט״, נאָר קיין מערדער איז ער קיינמאָל ניט געווען. אַליין אַ איד אַ גלויביקער, וואָס האלט א רעבן פֿאַר די קינדער, וואָס גייט אַלע שאבעס אין שול, מאכט אַף אים דער פֿאָרשלאג אזא גוואַלדיקן איינדרוק, אז ניט געקוקט אַף זיין גאַנצער אַכטונג צו די קלייקוידעש, באשליסט ער מעלדן וועגן דעם גאַנצן איניען אין אוגראָזיסק: „זאָלן זיי עסן אַ לאָקש״. דער אוגראָזיסק קאָמאנדירט צו האָמאנען זיינעם א מיטאַרבעטער, וועלכער גיט זיך אָן פֿאַר א באנדיט מיטן נאָמען „יאנקל דער בלאַטער״, און דאָ ווערט דער פּלאַן אופֿגעדעקט.

אָט דאָס איז אין קורצן דער סיפּור האמאיסע פֿון דעם גאַנצן איניען. די מינסקער אַרבעטערשאַפט, וועלכע איז אַליין דער איידעס פֿון אַלע געשעענישן נויטיקט זיך ניט אין די דאָזיקע דערקלערונגען, פֿאַר דער פּראָווינץ אָבער שאדט עס ניט צומאַכן.

הערים.

## אנטיילנעמער:

גלוסקין . . . . . . . מינסקער ראָוו

ראַפּפּאָרט
זייטשיק
סווערזשאַנאָווסקי
} שאָכטים, פון פּרעזידיאום פון טרעסט

דרויקין . . . . . . אַ געאסערטער שויכעט

שאַמעש

כאַזן

אידענע, וואס פליקט פעדערן

מאַנהיים
כאַיט
} שאָכטים

סלעפּיאנקער ראָוו

זאַוול דער שוסטער . . . . . . אַ קוסטאר

יוספע . . . . . . . . א פורמאַן

ציעניסט

פאָרזיצער פון געריכט

ראבּאָנים

שאָכטים

ווייבער

קרעמער

ספעקוליאנטן

אידן פון א גאנץ יאָר.

## בּעסדין-שטיבל.

בּעסדין שטיבל. ראבּאנים זיצן און לערנען. געזאנג אן ווערטער.

1-טער ראָוו:

אַפילע די גווירים, זיי ווילן פון אונז ניט קלערן,
ווער ווייס נאָך וואָס קאָן פון אונז ווערן?..

2-טער ראָוו (געזאַנג):

ריבּוינע שעל אוילאָם, שטראָף אונז ניט אַזוי;
מיר זיינען גאָטספאָרכטיקע לייט.
ניטאָ קיין פּאַרנאָסע כאָטש גאַנוועגען גיי,
אַ שווערע, אַ ביטערע צייט!

די רויטע, די גדוילים אימאַך שמאָם
זיי האָבן דעם בּיניען צושטערט,
פאַרמאַכט און פאַרזיגלט די הייליקע קראָם
און זיינען דערצו נאָך געדעכט.

געהאַט אַ קאראָבקע מיר האָבן אַמאָל,
געלעבּט אין אַשירעס און גליק.
און איצטער איז צאָרעס און ליידן אָן צאָל
געקומען, כאָטש נעם זיך אַ שטריק.

## אופטריט ראַפּפּאָרט.

3-טער ראָוו:

רעבּ יאַנקעוו-טעוויע, ניט גוט! נאָך ערגער, ווי אַמאָל אין סדוים!

פון טאָג צו טאָג פאַלט די עמונע,
ראַבּאָנים בּלייבּן אָן כעיונע.

ראַפּפּאָרט:

איך זאָג אייך, אַז האַשעם איסבאָרעך וועט ראַבאָנים ניט פאַרלאָזן,

„לשובע ולא לרזון“.

„ככתוב“, ווי אין פּאָסיק שטייט,

ראַבאָנימלעך בלייבן ניט אָן ברויט.

1-טער ראָוו:

„מאין יבא עזרי“, אַז כ׳ווייס ניט פון וואַנען די הילף קאָן קומען.

ס׳זיינען שוין אַוועק די יאָרן, ווען מיר האָבן פון קאראָבקע גענומען.

ראַפּפּאָרט:

און אַז פאַראַיאָרן איז ניט געווען קיין קאראָבקע,

האָט איר ניט געהאַט צום לעבן?

רעב לייזער, זיכרוינע ליווראָכע,

האָט דאַכט זיך גענוג געגעבן!

2-טער ראָוו:

איז דאָך דאָס געווען פאַראַיאָרן,

בעשאַס רעב לייזער האָט זיך מיסאַסעק געווען פאַר אַלע ראַבאָנים.

אָבער היינט, ווער עס זאָל געבן,

איז פאַראַן זייער ווייניק באַלאָנים.

ראַפּפּאָרט:

און איך זאָג אייך, אַז דער איצטיקער ראָוו גלוסקין שלאָפט אויך ניט אין היטל.

איך האָב געהערט, אַז ער האָט שוין געפונען גאָר אַ נייעם מיטל.

אַלע:

אַ מיטל?!!

1-טער ראָוו:
אַני מאַמין בעעמונע שליימע,
אז מיר ליגן אים גוט אין זינען.
נאָר זאָגט מיר, לעמאָשל קעדוימע,
וואָס פאַר אַ מיטל קען ער געפינען?

ראַפּפּאָרט:
פאַרגעסט ניט, אַז אונזער ראָוו גלוסקין איז ניט אַבי ווער —
רעבּ לייזערס אַן איידים,
איז ער געפאַלן אַף אַ סוואָרע
און וויל מאכן אַ קאראָבקע „בלא יודעים"
און ביפראַט,
אַז דאָס זאָגט ניט אַ מענטשל גלאַט, —
דאָס איז אַ ראָוו מיט אַן אַטעסטאַט...

אַלע:
אַ קאראָבקע? ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך,
באַ אַזאַ צייט?

שאַמעס:
עפּשער האָט מען געהייסן פון יענער זייט?..
שאַ! דער רעבּע גייט.
(אַלע זינגען)

## אופטריט גלוסקין.

גלוסקין: (געזאַנג)
מאראנאַן, ווערעבּאָנאָן ווערעבּויסאַי,
מען דאַרף באַטראַכטן אַ וויכטיקן איניען.
צוליבּ פאַרנאָסע איז אַלץ קעדאַי.
מען מוז אופשטעלן צוריק דעם אַלטן ביניען.

אַ קאראַבקע דאַרף מען מאַכן ווי אַמאָל,
ווייל ס׳איז ניטאָ קיין אַנדער ברייירע;
מען מוז טייקעף מאַסרע זיין דעם קאהאָל,
אַז אן דעם איז אין געפאַר די אידישע טוירע.

1-טער ראָוו:

רעבע, די קאראַבקע איז טאַקי אַ זאַך אַ גוטע,
ווייל מען קאָן פון איר מאַכן אַ שיינע פרוטע.
וואָס וועלן אָבער אַף דעם זאָגן די גדוילים?...

גלוסקין:

מען דאַרף עס דורכפירן אַזוי,
אַז קיינער זאָל פון דעם ניט וויסן.
רעב יאַנקעוו-טעוויע, אייער כויוו איז דורכצופירן
דעם גאַנצן פלאַן,
ווייל ס׳גייט אונטער די עמונע ראכמאנע ליצלאַן.

ראַפּפּאָרט:

רעבע, איך בין „מוכן ומזומן„,
ס׳איז איבעריק צו ריידן וועגן דעם.
צוליב דער עמונע גיי איך...
אַפילע אַף קידעש האַשעם!..

גלוסקין: (געוואַנג)

איר מוזט אופרופן אַן אסיפע פון אַלע שאָכטים,
און איר דאַרפט זיי דערקלערן,
אַז מען קאָן מאַכן אַ קאָלעקטיוו און נעמען מעקאָכים,
און קיינער קאָן אייך ניט פארווערן.

די ראַבאָנים וועלן מיט אייך זיין איין דייע,
קאַבאָלע אַף שכיטע וועלן מיר קיינעם ניט געבן,
סיידן אַף אַמעריקע פאַר אַ מייע,
נאָר די ראַבאָנים דאַרפן אויך האָבן צום לעבן...

ראַפּפּאָרט:
רעבע, און דעם מעקעך איינשטעלן וועלן מיר מעגן?
און באַ „זיי" וועלן מיר גאָרניט דאַרפן פרעגן?

גלוסקין:
נאָך אונזער דין מעג מען געוויס,
מען דאַרף נאָר אַ העכשער פון ראַבאָנים,
נאָך זייער דין אוואַדע,
ווייל זיי טאָרן זיך ניט מישן אין אונזערע איניאָנים.

ראַפּפּאָרט:
אויב אַזוי וועלן מיר שוין נעמען מעקאָכים,
אַז ס'וועט גיין אַ רויך.
מיר וועלן האָבן, און עס וועט זיין
פאַר אייך אויך.

גלוסקין:
רעב יאַנקעוו-טעוויע געדיינקט זשע, ניט פאַרגעסט,
אַז דער נאָמען דאַרף זיין טרעסט.
איר הערט, רעב יאַנקעוו-טעוויע, לעמאַן האַשעם,
אַז ס'איז אַ קאראָבקע, טאָר קיינער ניט וויסן פון
דעם.

שאַמעס:
באַ די גדוילים איז קאראָבקע שטריינג פאַרבאָטן,
און אויב זיי דערוויסן זיך, איז — אַל טיפּטאָך פּע
לעסאָטן!

ראַפּפּאָרט:
וועגן דעם, רעבע, דאַרפט איר ניט האָבן קיין מוירע,
פאַרגעסט ניט, איך בין אַ איד אַ באַל-טוירע.
איך וועל עס דורכפירן גלאַט,
ווייל איך פאַרשטיי דעם פּשאַט...

ג ל ו ס ק י ן : (געזאַנג)

גייט רופט אוף די שאָכטים פון שטאט
און מאַכט דעם טרעסט וואָס גיכער,
די ראַבאָנים דערווייל וועלן בעטן גאָט,
אַז מיט פאַרנאָסע זאָלן מיר זיין זיכער.

איצטער דאַרפן מיר זיין אַלע צופרידן
און געבן אַ שוואך דעם בוירע —
אַ קאראָבקע ווי באַ לעווקאָוון*) דעם פרומן אידן,
און מיר האָבן פאַר קיינעם קיין מוירע.

(טענץ)

פ אָ ר ה אַ נ ג.

*) לעווקאוו אן אלטער מינסקער באלטאקסע.

# אין שעכט־הויז.

(א אידענע פליקט פעדערן און זינגט).

פון אזעלכע פּאַרנאָסעס איז שווער שאַבעס צו מאַכן
און פאַרדינען בא שאָכטים איז ניט פון די גרינגע זאַכן.

ריבוינע שעל אוילאָם! בענטש מיר מיט דער בראָכע,
איך זאָל אין גיכן פּאָטער ווערן פון מיין פינסטערער מעלאָכע.

(זי קלייבט אוף די פעדערן און וויל זיי צונעמען מיט זיך).

## אופטריט שאמעס.

שאַמעס:

זאָגט מיר, וואָס קלערט איר טאָן
מיט די פעדערן פון האָן?
לייגט שוין אוועק צוריק,
עס איז אייער גליק,
וואָס דער שויכעט האָט ניט דערזען,
ער וואָלט שוין אייך געוויזן וואָס ער קען.

אידענע:

און וואו שטייט עס געשריבן, אַז די פעדערן דאַרפן
געהערן נאָר צו די שאָכטים?
איך זאָג אייך, אַז ס׳איז גאָר א קנאַפּע סאַקאָנע.
פאַרגעסט ניט, אַז איך בין א פינסטערע אַלמאָנע.

שאַמעס:

איר קאָנט זיין ניט נאָר אן אלמאָנע, נאָר אַפילע אַ גרושע,
נאָר איך פאַרשטיי ניט, ווי האָט איר עס ניט קיין בושע
ווען נעמען די פעדערן פאַר זיך.
לייגט אוועק אף גיך.

אידענע:
כ׳פאַרשטיי ניט, וואָס איז דאָס פאַר א פאַרברעך,
איך בין דאָך מיט די שאָכטים פון איין צעך: —
איך פליק די פעדערן, און זיי פליקן די הויט...

שאמעס: (מיט קאַעס).
וואָס, אייך זיינען שוין אויך די שאָכטים ניט געפעלן?
ליידאַצקע, כצופע, „קאַמעניסטקע״!!
(רייסט ארויס די פעדערן, די אידענע אָפ).

## אופטריט ראפפאָרט.

ראַפפאָרט: (געזאַנג)
אין נאָמען פון די ראַבאָנים די היגע
אן אסיפע רופט אוף,
פון דעם מעג וויסן נאָר נעמיגע,
אָבער כאָלילע ניט קיין „קוף״.
כ׳בעט אַלע שאָכטים פאַרנעמען דעם אָרט
און פאַרשרייבן זיך טייקעף צום וואָרט.

שאַמעס: (געזאַנג).
אַריין, אַריין, אַריין!
מע בעט אַלע שאָכטים אַהער אריינגיין,
און טאַקע גלייך, וועגוימאַר אָמיין.

## אופטריט שאָכטים.

אַ שויכעט: (געזאַנג).
מיר זיינען שאָכטים מיט א סטאַזש פון אמאָל,
מיר האבן כאַזאָקע גאָך פון אלטן קאָהאָל,
געלעבט האבן מיר ווי די סראָרעס,
און איצט בא די גדוילים זיינען מיר אף צאָרעס.

אוי, ס׳איז ביטער ווי דער טויט, } ב״ס.
אוי, א שווערער שטיקל ברויט.

קוילענען קומט מען איינמאָל אין א שמיטע,
און ס׳איז רעכט צו עסן פון א טרייפער שכיטע.
מען איז „בעונותינו הרבים״ אַראָפּ פון גלייכן וועג,
מען וויל ניט וויסן, צו מען טאָר, צו מען מעג.

אוי, ס׳איז ביטער, ווי דער טויט, } ב״ס.
אוי, א שווערער שטיקל ברויט!

ראַפּפּאָרט: (מיטן ניגון פון האַקדאָמעס).
ראַבויסאַי, ס׳איז פאַר אלעמען קלאָר,
אַז אונזער פּאַרנאָסע האַלט זיך אף א האָר.
דעם שויכעט, דעם ראָוו, דעם דאַיען,
האָט זיך נאָר געלעבט פאַר ניקאָלאַיען.

זייטשיק:
די קאָראָבקע איז געווען א טייערע זאַך,
מען האָט אָן איר פאַרדינט אַסאַך.
ניטאָ שוין אָבער אמאָליקע יאָרן,
גאָר אן אַנדער צייט געוואָרן.

ראַפּפּאָרט: (מיטן ניגון פון האַפטוירע).
דאַרף מען זוכן אן אנדער מיטל
און געפינען פאַר די שאָכטים א נייעם טיטל.
מען מוז מאַכן א טרעסט און ניט קלערן לאַנג,
און אריינגעמען די ראבאָנים דאַן וועט גיין א גאַנג.
מען וועט ניט דאַרפן קריכן אין הויכע דראָכים,
און מיר וועלן גלייך הויבן די מעקאָכים.

ר אַ פּ פּ אָ ר ט:

ראַבויסאַי, א טרעסט!!!

ש אַ מ ע ס:

וואָס?

ר אַ פּ פּ אָ ר ט:

אַ שאָכטים-טרעסט.

ש אַ מ ע ס:

און איך האָב געמיינט א שאַמאָסים-טרעסט.

אַ ל ע ש אָ כ ט י ם:

דאָס איז א פּלאַן בענעמאָנעס.
מיר וועלן מאכן א רובל
און ס׳וועט זיין אן סאַקאָנעס.

ר אַ פּ פּ אָ ר ט:

נאָר מען וועט דארפן געבן דעם ראָוו פּראָצענטן,
ער זאָל ניט צולאָזן קיין קאָנקורענטן.

אַ ל ע ש אָ כ ט י ם:

פּראָצענטן... דעם ראָוו... פּאַרוואָס?

מ אַ נ ה יי ם:

און איך זאָג אייך בעקויל ראָם,
אַז דער ראָווּ איז צו אונזער געלט „ניע פּריטשאָם".

כ אַ י ט:

אויב מיר זאָלן אָנהויבן געבן פּראָצענטן,
וועלן זיך געפינען אסאַך קאָנטרהענטן.

ז יי ט ש י ק:

וואָס הייסט, ניט געבן די ראַבאָנים?
איך בין דאָך „ניע או סעביאַ",

אָן די ראַבאָנים איז פאַרשפאָרט וועגן א טרעסט
צו קלערן,
אויב דער ראָוו זאָל פון דעם גאָרניט האבן, וועט
פון טרעסט גאָר ניט ווערן.

ראַפּפּאָרט:

איך זאָג אייך, אַז דעם ראָוו מוז מען געבן א כייליק,
אָבער איינס דאַרף בא אונז זיין הייליק,
אַז אנדערע קליי-קוידעש, א כוץ שאָכטים טאָרן אין
טרעסט ניט אריין.
ווער איז פאַר דעם, אַז קיין אַנדערע זאָלן ניט זיין?

אַלע:

מאַסקים!

שאַמעס!

(אים פארדריסט, וואס קיינע אַנדערע קליי-קוידעש קענען ניט אריין)

נאָר די, וואָס קאָנען האַלטן אַ כאַלעף?
און שאַמאָסים אַפּאָנים „לא" מיט אן אַלעף?!
דאָס איז שוין גאָר ניט פיין,
איך האַלט זיך איין!

ראַפּפּאָרט:

ראַבויסאַי, די זאַך איז פאַר אונז אלעמען קלאָר,
אַז דער טרעסט איז בלויז פאַר שאָכטים נאָר,
און קיינער טאָר ניט ויסן, וואס בא אונז קומט פאָר.

זייטשיק:

וואס וויניקער שאָכטים ס'וועט זיין בא אונז אין טרעסט,
וועט זיין פאַר אונז אלץ בעסער,
ווייל אויב דער אוילאָם איז קלענער,
איז די סימכע גרעסער.

ראַפּפּאָרט:
אריינגעמען אין טרעסט וועלן מיר נאָר די,
וואס האבן א גוטע פּראָטעקציע,
און אף די אלטע שאָכטים
וועלן מיר אויך מוזן מאכן א „דעזינפעקציע".

זייטשיק:
מיר דארפן טייקעף א פּרעזידיום וויילן,
וואָס זאָל אלעמען די געלט מיט יוישער טיילן.
מיר דאַרפן קלייבן אַזעלכע, וואָס פאַרשטייען דעם פּשאַט.
וועגן קאשרעס ביכלאַל און פאַרנאָסע ביפראַט.

סווערזשאַנאָווסקי:
ראבויסאַי, דאָס איז פאר אונז אלעמען „יאַסנע",
אַז ראַפּפּאָרט מיט זייטשיקן דאַרפן אויסגעוויילט ווערן
„יעדינאָגלאַסנע".

ראַפּפּאָרט:
איך לייג פאָר, אַז מייער סווערזשאַנאָווסקי זאָל אויך
אריין.

זייטשיק:
ווייל ריישיס דאַרפט איר וויסן, אַז ער איז א „סאָ-
וועטסקער" יונגערמאן, ניט אבי ווער,
אַכוץ אין פּראָדקאָם איז ער געווען א „זשעליעזנא-
דאָראָזשנער" מיליציאָנער.

שאַמעס:
ועהאַשייניס, דארפט איר וויסן, אַז ער איז אַ
שויכעט, וואָס וויס די וועלט:
ער איז אויסן ניט אַזוי די קאַשרעס, ווי... די געלט.

אַלע:
מאַסקים.

## אופטריט שויכעט.

ש ו י כ ע ט: (געזאַנג).

איך בין און איך בין, ווייסט איר ווער איך בין? —
כ'וועל אייך באלד זאָגן.

אַ ל ע:

זאָג, זאָג, זאָג שוין... א. א. וו.

ש ו י כ ע ט: (געזאנג).

איך בין א שויכעט רעב לייזער דעם גאָדלס א קאָרעוו,
פאַר מיר קענען אייך אלע זיין ארעוו,
אַלע וועלן אייך דערציילן,
ווי איך פלעג די אמעריקאַנער פאָסילקעס טיילן.
רעב לייזערס א קאָרעוו, ניט פאַרגעסט,
אַ קאָוועד פאַר אייער טרעסט.

ר אַ פ פ אָ ר ט:

פון דעם גאָדלס מישפּאָכע?
צוגענומען אָן קיינע זאַכן,
ווייל רעב לייזער זייכער צאדיק ליוראָכע,
האָט אויך געקאָנט א רובל מאכן.

## אופטריט כאַזן־שויכעט־מויעל.

כ אַ ז ן: (געזאַנג).

איך בין און איך בין, ווייסט איר ווער איך בין? —
וועל איך אייך באלד זאָגן.

אַ ל ע:

זאָג, זאָג, זאָג שוין...

כ א ז ן: (מיטן ניגן פון נילע).

איך בין כאַזן-שויכעט פון אַמאָל,
כ'האָב שוין געקוילעט אָן אַ צאָל,
און דערצו א גוטער באלטפילע.

אלע: אי, אַי ,אַי!

כאַזן:

אליין בין איך פון ליטע,
כ׳האָב א מעלאָכע א דריטע,
איך בין אויך א ספעץ אף מילע!

ראַפפאָרט:

א כאַזן-שויכעט און א מויהעל דערצו,
מיר ועלן פון אים א סאַך געניסן.
אַזאַ דאַרף מען האָבן,
ער וועט אונז געבן א כיילעק פון בריסן.

אופטריט דרויקין. (קומט אָן פון זאַל).

דרויקין: (געזאַנג)

איך בין א שויכעט א נייער,
ניטאָ קיין צובראָכענער דרייער,
איך האָב ניט פון וואנען צו לעבן.
איך בין געקומען א הער,
ווייל דאָס לעבן איז זייער שווער.
אַ שטעלע אָדער אַ קאַלע זאָלט איר מיר געבן.

כ׳בין קלאָר אין די שכיטע-איניאָנים,
איך האָב קאַבאָלע פון ראַבאָנים.
אויב איר גלויבט ניט, קאָנט איר מיר פאַרהערן.
איר וועט זען מיין כאַלעף שטעלן,
וועט אייך געווים געפעלן.
ניטאָ אַזאַ שויכעט קען איך אייך שווערן.

ראַפפאָרט: (געזאַנג)

מיר דאַרפן ניט קיין שאָכטים און ניט מיר ווילן
אייך פאַרהערן.

ווען אַנקומען אין טרעסט ואָלט איר גאָר ניט קלערן,
באַ אונז איז ניטאָ פאַר אייך קיין אָרט,
ווען דעם צו ריידן איז גאָר פאַרשפּאָרט.

סווערזשאַנאָווסקי: (געזאַנג).
מיר גייען אריין אין אייער „פּאָלאָזשעניע“,
נאָר צו אונז האָט עס קיין שום „אָטנאָשעניע“.
אַלע וואקאנסיעס זיינען שוין באַ אונז פאַרנומען
איר קענט גיין אהין, פון וואַנען איר זייט געקומען.

דרויקין:
פאַר מיר איז באַ אייך קיין אָרט ניטאָ?
איך קאָן דאָס ניט פאַרשטיין,
אַז שאָכטים זאָלן זיך מיט א שויכעט
אַזוי מיעס באגיין.

זייטשיק:
וואָס ווילט איר האָבן פון אונז ?
מען האָט דאָך שוין אייך איינמאָל געזאָגט גייט און
פריידט זיך.
נישקאָשע א איד שטאַרבט ניט אזוי גיך פון הונגער.
עס, מען דרייט זיך.

סווערזשאַנאָווסקי:
שאַ, איך האָב גאָר אן אנדער „פּרעדלאָזשעניע“.

אַלע: האַ?
זאָל ער ברייגגען פון היגן ראָוו אַ „ראַזרעשעניע“!

אַלע: טאַקע!

דרויקין:
דעם ראָוו האָב איך געמאַכט דעם ערשטן וויזיט
שרייט ער אויך, אַז ניט.

ראַפּפּאָרט:
אויבֿ דער ראָוו איז ניט מאַסקים מיט דעם,
טאָרט איר ניט קוילן, ס'איז אכילעל האַשעם.

דרויקין:
געוויס, אַז איר האָט געוואָלט, האָט דער ראָוו
פאַרווערט,
אָבער דער ראָוו האָט דאָך מיך ניט פאַרהערט.

ראַפּפּאָרט: (מיט קאַעס)
איך פרעג אייך, רעבֿ אורע,
וואָס האָט עס פאַר א צורע?
אויבֿ דער ראָוו זאָגט אזוי,
זאָל ער גיין בעשיים עלויהיי.

זייטשיק:
איך בין דאָך „ניע או סעביא" פון אַזאַ זאַך:
אַ מענטש זאָל וועלן זיין א שויכעט, און דאַוקע
אין אַזאַ קראַך!
פאַר אייך איז בא אונז ניטאָ קיין אָרט,
צוריק אין וויטעבסק פאָרט.

ראַפּפּאָרט: (געזאַנג)
ריישיס דאַרף מען וויסן וויפיל שאָכטים איז פאַראַן,
וועלכע זיינען שוין אין טרעסט אריין,
מ'דאַרף שוין קיינעם ניט צולאָזן און זאָגן אַד קאַן,
ווייל קיין איבעריקע טאָרן ניט זיין.

וועהאַשייניס דאַרף מען איינשטעלן מעקאָכים נייע,
אַן הויסאָפע אף יעדער שטיק,
און אויבֿ מען וועט מאַכן א קרומע האַוואַיע,
וועט מען יענעם שיקן צוריק.

און זייט וויסן, אז ס'איז ניט קיין אווירע—
ווייל דער ראָוו האָט א כיילעק דערפון,
זיי ווען נעבעך צאָלן פאַר מוירע,
פופצן פון א הון.

א טאַנץ.

פאָרהאַנג.

# א גאס.

א גאס. צוויי הויפן, אף איין טויער א מויראע. אז דאָ קוילעט מייער סווערזשא-נאווסקי און אפן צווייטן א מעלדונג פון שויכעט דרויקין. ווייבער גייען מיט הינעי׳

ערשטע גרופע ווייבער: (געזאַנג)

(אפן מאָטיוו „קויפט, קויפט קוינים״)

מיר גייען מיט אויפעס צו די שאָכטים פון טרעסט.
באַ זיי קאָסט אַפילע טייער, אָבער קאָשער ניט פאַרגעסט,
די ראבאָנים האַלטן אין איין געשריי,
אַז קוילענען זאָל מען נאָר באַ זיי,
ווייל זיי זיינען פרומע אידן
מיט באָרד און פייעס און מערידן—
און קאָשער איז נאָר באַ זיי.

צווייטע גרופע ווייבער: (געזאַנג)

מיר גייען מיט אויפעס צום נייעם שויכעט דאַווקע,
באַ אים איז גאָר אַן אַנדער סטאַווקע
כאָטש אַ פרעמדער, כאָטש אַ גער
נאָר ניט ערגער פון מיליציאָנער
באַ אים טרעפט זיך קיין מאָל ניט קיין שאַילע,
פאַר אונז איז דאָס אַ גרויסע מאַילע
און עס קאָסט נאָך ביליג אויך.

א גרופע אינגלעך פון מייערס צאד לויפט אַרויס און שרייט.

אידן, אידן, קומט אַהער!
דאָ קוילעט מייער סווערזשאַנאָווסקי, אַ שויכעט
„פערווי סאָרט״.

ברופע אינגלעך פון דרויקינס צאר:

אידן, אידן, קומט אַהער!

דאָ קוילעט דרויקין, אויך אַ שויכעט „אַדין טשאָרט״.

אַ איד מיט אַן אָף:

אויב אַזוי, איז בײַ מיר רעכט דער נייער,—

אַ גוטער שויכעט און נעמט ניט טייער.

וויל אריין אין דרויקינס טויער.

אַ צווייטער איד:

וואָס זאָגט איר, צום נייעם שויכעט וועט איר גיין?

מען טאָר דאך אין זיינע דאַלעד-אַמעס ניט שטיין!

ערשטער איד:

שאַ! וואָס איז געוואָרן מיט אַ מאָל אַזאַ בעהאָלע,

דאַכט זיך ביידע האָבן די זעלביקע קאַבאָלע?

צווייטער איד:

זיין שכיטע האָבן אָבער געאַסערט די ראַבאָנים.

ערשטער איד:

וואָס? זיין שכיטע האָבן געאַסערט די ראבאָנים?

דאָס האָבן זיי דאָך געטאָן צוליב זייערע אייגענע איניאָנים!

צווייטער איד:

איז וואָס איז דערפון געדרונגען?

ערשטער איד:

אַז מען דאַרף גיין צום נייעם שויכעט.

קריגעריי. דער אוילאָם שרייט, ס'הערן זיך אויסרופן:

צום נייעם, צום אַלטן.

(ס.הערט זיך א טקיע, שווארים און ס'באוויזט זיך דער ראָוו גלוסקין).

גלוסקין: (געזאַנג)

וועגן נייעם שויכעט טאָר מען גאָר ניט קלערן,

ער וויל דעם איסער פון ראַבאָנים ניט הערן.

פון אַן אַנדער שטאָט איז ער געקומען
און צו שכיטע זיך גענומען.
מיר האָבן באַלד געמאַכט אַ גוואַלד,
געאַסערט די מינוט, אויב ניט וואָלט זיין ניט גוט.
אַז באַ אים איז טרייף האָבן מיר פאַרשטאַנען באַלד.

(פראָזע) זיין שכיטע איז טרייף. און אַזוי ווי ער קוילעט אָן
אַ שיר
בין איך מאַסרע, אַז ווער ס'האָט געקוילעט זאָל גלייך
קומען צו מיר!

שוסטער לעווין: (פון פובליקום גייענדיק צום ראָוו).
וואָס איז זיין דאַיגע באַ ווּעמען איך האָב געקוילעט?
איך קאָן דאָס ניט פאַרשטיין.
נאָר וואָס קען מען העלפן, פאַרפאַלן!
אַז דער רעבע רופט, מוז מען גיין...

גייט אונטער צום ראָוו

רעבע, איר האָט געשיקט נאָך מיר, בין איך געקומען!

גלוסקין:
אַזוי ווי איר קוילעט באַם נייעם שויכעט, זינדיקט
איר קעגן גאָט
לויט דאי וואָס איר אַליין עסט טאַרפעס, קאָרמעט איר
נאָך אָן גאַנץ שטאָט

שוסטער לעווין:
רעבינקע, איך פאַרשטיי ניט, וואָס מאַכט איר פון
דעם אַזאַ יעריד,
ווען קוילע איך אַן אָף—איך בין דאָך אַ קאַבצן אַ
איד,
איך קוילע אָדער פון צאָרעס, אָדער צו קאַפּאָרעס

גלוסקין:
איר זייט אַן אַמאָרעץ, ניט קיין באַלטוירע.
אַז איר קוילעט איינמאָל, איז אויך אַן אַווײרע.

שוסטער לעווין:
עמעס, איך בין אַן אַמאָרעץ פון די פּראָסטע לייט,
אָבער איך פאַרשטיי ניט דעם סייכל,
פאַרוואָס האָט ער געמאָגט קוילן יאָמים נוירואָאים-
צייט,
זאָגט מיר, רעבינקע, זייט מויכל?

גלוסקין:
מען דאַרף ניט פרעגן קיין קאַשע,
ווייל יאָמים-נוירואָאים צייט איז טייער יעדער מינוט,
מאַכט ראַשע:
אין אַ פּאָזשאַר איז פּאָמוניצע-וואַסער אויך גוט.

יוספע:
רעבע, זייט אַזוי גוט אַף אַ ווײלע,
איך האָב אייך געוואָלט פרעגן אַ שאַילע.
ווי, אַז מען האָט געקוילעט באַם נייעם אַלפי-טאָעס,
איז אַרויסגעוואָרפן די מאָעס?

גלוסקין:
איך האָב געפּאַסקנט, אַז טרייף, איר האָט דאָך געהערט.

סליעפּיאַנקער ראָוו: (פון פובליקום)
און איך פּאַסקן פּאַרקערט!

שאַמעס:
באָרוך האַבאָ, סלעפּיאַנקער ראָוו איז שוין דאָ!

סלעפּיאַנקער ראָוו: (געזאַנג)
(אפן מאָטיוו „וואָס ביסטו קעצעלע ברויגעז”).
וואָס זייט איר געבליבן אַזוי שטיין,
וואָס האָט איר אַראָפּגעלאָזן דעם נאָז?

מען פאַרשטייט גאַנץ גוט אייער מיין,
דאָס איז פון שאָכטים טרעסט אַ קוריאָז.

געגוג שוין צו נעמען באַ קאַבצאָנים,
גענוג שוין צו נאַרן די וועלט.
ס'איז ניטאָ היינט אַזעלכע נאַראָנים,
וואָס זאָלן אייך קאָרמענען מיט געלט.

מיר קענען די שאָכטים די היגע,
מיר ווייסן גאַנץ גוט וואָס זיי ווילן,
ס'וועלן ניט העלפן די קלאָלעס פון נעמיגע,
זיי מעגן שוין אופהערן צו בילן. (אָפּ)

שאַמעס:

רעבע, מען מוז פאַרשעלטן דעם אַזעס-פּאָנים
כאָטש אַן אויוער באָטל, נאָר ער מאַכט אַ טעל פון
די ראַבאָנים.

גלוסקין:

לאָזט אים צורו בנעמאָנעס,
וואָלט שוין געווען מיט די „גדוילים" אַזעלכע סאַקאָנעס.

(געזאַנג) (אַפן מאָטיוו „דער רעבע זיצט און שוויצט").

ריבוינע שעל אוילאָם, זע אַליין
וואָס מיט אונז איז געוואָרן,
מען האָט אָנגעהויבן אין שלעכטע דראָכים גיין,
מען איז שוין צו וויט פאַרפאָרן.

מאַכן מיר טרעסטן און זוכן אייצעס,
קעדיי די שאָכטים זאָלן האָבן פּאַרנאָסע,
ווען ניט דער באָכער אַף אונזערע פּלייצעס,
וואָלט שוין געווען גאָר נישקאָשע.

קומט דער שלימאַזל און זאָגט אויס פון כיידער
און ס'ווערט אַ מעהומע אין שטאָדט,
ווענן אונזער טרעסט רעדט מען קעסיידער
מען מאַכט אונז צו שאַנד און צו שפּאָט.

פ אָ ר ה אַ נ ג .

## אין שעכט־הויז.

די שאכטים, ראפפארט, סווערזשאנאווסקי אף דער בינע.

ראַפפּאָרט: (געזאנג). (מיטן ניגון: „ברוך אלהינו״).

מיר האבן אלע אף שכיטע קאבאלע,
נאָר מיר אַליין שפילן די ראָליע,
מיר דאַרפן ניט האָבן קיינע פּאַטענטן
און מיר שרעקן זיך ניט פאַר קאנקורענטן.

ביס. { וואָס בא אונז איז יאַד-אַכאס ווייס מען ניט דערפון
און פאַר שכיטע נעמען מיר 15 פון אַהון,
ווייל דו ביסט דאָך אן אייל ראַכום וועכאַנון.

מען גלויבט נאָך גאַנץ שטאַרק אין אַ קאָשערע שכיטע,
דערווייל האָט נאָך דער „וועקער״ אַף אונז ניט
קיין שליטע.
מיר לאכן פון די סאָנים, מיר האָבן אַגוטן גאָט.
מיר זיינען די איינציקע שאָכטים אין שטאָט.

וואס בא אונז איז א יאד אכאס א.א.וו.

## אופטריט שאמעס

שאַמעס:

אַי, אי, אַי!

אַלע:

וואָס האָט געטראָפן?!

שאַמעס:

איך בין אייך געקומען אָנזאָגן אַ שלעכטע בסורע.

אַלע:

וואַס פאַר אַ בסורע?

שאַמעס:

מיר זיינען אַף צאָרעס, דאָס איז די אונטערשטע שורע.

אַלע:

וואָס איז געשען?!

איינער:

עפשער א בלוט-בילבל אַף אידן פאַראַן?

צווייטער:

אָדער גאָר אַ רעוואָליוציע אין יערושאָלאַאים, ראכמאָנע ליצלאן.

שאַמעס:

לוי האָ וועלוי האָ,
אונזערע געשעפטן זיינען בלאָ.

ראַפּאָפּאָרט:

וואָס הייסט בלאָ?
דאַכט זיך בהיימעס איז נאָך גענוג דאָ...

שאַמעס:

באלד קומט אורע זייטשיק צוגיין
וועט ער אייך געבן צו פאַרשטיין.

## אופטריט זייטשיק.

זייטשיק: (געזאַנג) (אַפן מאָטיוו פון דער „באַיקע").

וואָס זאָגט איר אַפן נייעם גזאַר?
אונזער טרעסט איז אין גרויס געפאַר.
געקומען איז דער שויכעט דער נייער,
פאַר שכיטע, זאָגט ער, נעמען מיר צו טייער.

פון וויטעבסק איז ער געקומען צו פאָרן,
אַז אָך און וויי צו אונזערע יאָרן,
ער קוילעט גאָר אָן אונזער וויסן
און וועט מיסטאָמע גיין אויך אַף בריסן.

דער אַפּיקוירעס הערט אין פּיאַטע דעם ראָוו
און נעמט פינף קאָפּיקעס פאַר קוילענען אן אָף.
וואָס הויבט מען אָן צו טאָן אַצינד?
ווײ איז אונז און ווינד.

אין רעדאקציע האָט ער אונז פאַרמאסערט,
אַז מען האָט זיין שכיטע געאַסערט.
ער האָט אנגעשריבן אַ גאַנצע מעגילע,
אַלע סוידעס פון דער אידישער קעהילע.

אלע שאכטים גייען אָפּ. סבלייבן מער ניט: ראפּפּארט, זייטשיק און סווערזשא-
נאווסקי, לויפן אַרום הין און צוריק, ווי פארסאמטע).

ר א פּ פּ אָ ר ט:

אַז עס איז דאָך אן אנשיקעניש פון גאָט,
אַ מאקע שעלוי קסואווע באַטוירע,
ער לאַכט פון דער גאַנצער שטאָדט,
און אַפילע פאַרן ראָוו האָט ער אויך ניט קיין מוירע.

ז ײ ט ש י ק:

איך האָב אים שוין געגעבן געלט אויך, ער זאָל נאָר
ניט קוילן,
האָט ער געזאגט „אַד קאן״ און דערנאָך געהאַט
כאראָטע,
ס׳איז גאָר אַ כאַרפּע צו דערציילן:
די 30 רובל פּונקט ווי אין בלאָטע.

ראפּפּאָרט:

רעב אורע, מיט געלט דאַרף מען זיך מער ניט רוקן,
און פאַר יענע 30 רובל זאָלט איר אים אויך אין
די ציינער ניט קוקן.

סווערזשאַנאָווסקי:

„פּאָ מאָיעמו”, האָט מען אים גערדאַרפט גאָר „כאַסענע מאַכן”,
וואָלט זיין פאַרשפּאָרט אַלע זאַכן.

ראַפּפּאָרט:

רעב אורע, איר זייט דאָך עפּעס אַ איד, וואָס דרייט זיך,
אַדעראבע מאכט עפּעס אַדריידל.
רעדט זיך דורך מיט אַ לינקן שאַדכן,
מ'זאָל פאַר אים קריגן אַרעכטע מיידל.

זייטשיק:

אַז מען וואָלט קריגן אַזאַ שאַדכן, וואָלט גאָר ניט
שאַטן.
איך וואָלט שוין דורכגעפירט אַן איניען אַ בלאַטן!

סווערזשאַנאווסקי:

וואָס זאָגט איר? אן איניען אַבלאטן? דאָס איז
אַ „ראסטיאַזשימע פּאָניאטיע”
נאָר אויב עס האַנדלט זיך וועגן אידישקייט, מעג
מען מאַכן אַ קאָמבינאציע.
און מען דאַרף טאַקע ניט אָפּלייגן אַף שפּעטער,
קומט שוין אַריין צו מיין פעטער.

(זייטשיק, סווערזשאנאווסקי אפּ)

ראַפּפּאָרט:

מיר מוזן פון אים פּאָטער ווערן, אויב ניט איז ניט גוט,
ס'וועט זיין זייער ביטער, מיר וועלן פון אים ניט
האָבן קיין בארוטע מינוט.

## אופטריט סווערזשאנאווסקי.

ראַפּפּאָרט:

נו?!

סווערזשאַנאָווסקי:

זייטשיק איז אַוועק צו מוישקע האָמאַנען, ער וועט
שוין מיט אים מאַכן אַ סאָף.

מוישקע האָמאַן קען מאַכן אַ שפּיצל נאָך בעסער
פאַרן ראָוו.

## אופטריט זייטשיק.

ראַפּפּאָרט, סווערזשאַנאָווסקי:

נו?

זייטשיק:

אַן אייצע איז שוין גאָר אַ גוטע פאַראַן,
ס׳דאַרף קאָסטן אַ רובל „קאַן״.

ראַפּפּאָרט:

אַ רובל „קאַן״? כ׳וועל געבן, ס׳וועט זיין פאַר אונז
אַ גליק.

דערהויפּט, זעט, רעב אורע ער זאָל נאָר ניט קומען
צוריק.

זייטשיק:

אויב נאָר מוישקע האָמאָן האָט זיך פאַר דער זאַך
גענומען,

קאָנט איר זיין זיכער, אַז צוריק וועט ער שוין ניט
קומען.

מויקשע האָמאַן, אַז ער זאָגט איז קוראַנט,
און זיינע כאַוויירים קאָנען אויך איבערנעמען אַ האַנט.

ראַפּפּאָרט:

אויב אַזוי, פאַרלאָז איך זיך אַף אייך. רעב אורע,
גייט ענדיקט מיט האָמאַנען און קומט מיט אַ גוטער בסורע

און זאָגט אים, אַז ער פאַרדינט אַ מיצווע אויך דערביי,
ווייל צוליב דער עמונע איז אַלץ קעדאַי.

סווערזשנאָווסקי:

גייט רעב אורע, זאָל זיין מיט האַצלאָכע,
ניט פאַרגעסט, אַז דאָס דאַרף זיין אַ „שטילע שמוינע עסרע",
פירט עס דורך וואָס פריער,
וועט איר פאַרדינען אַ מיצווע אַ גרעסערע.

זייטשיק:

אויב אַזוי גיט מיר פאַר האָמאָנען אַ ביסל געלט,
ער גלויבט מיר ניט אַפן וואָרט,
ער וועט שוין מיט אים אָפּשלאָגן קאַפּאָרעס,
אין דער ערד אים אַן אָרט.

ראַפּפּאָרט:

רעב מייער, גיט אים דערווייל אַ ביסל פון אונזערע מעזומאָנים,
און די איבעריקע וועלן דערלייגן די ראַבאָנים.

זייטשיק:

דער ראָוו וועט געוויס געבן.
אַזא אַפּיקוירעס קומט דאָך סקילע נאָכן אידישן געזעץ,
און מוישקע האָמאן איז דאָך אַף דעם אַ ספּעץ.

ראַפּפּאָרט:

רעב אורע, געדיינקט, אַז ס'איז אָרימע געלט, אַמע-ריקאנער דאָלארן.
זייט פאָרזיכטיק, מען זאָל אייך כאָלילע ווייטער ניט נאַרן.

זייטשיק:

זייט רוהיק, איצטער וועט שוין זיין איסגאדאל וועאיסקאדאש שמיי ראבאָ,
מען וועט אים אָפּלייגן אַף קאלט „אי באָלשע ניטשעוואָ".

ראַפּפּאָרט:

רעב אורע, אָט איז געלט, נאָר איר זאָלט זיך היטן,
מוישקע האָמאן זאָל אונז כאָלילע ניט פאַרשיטן.

ווייטשיק:

וואָס רעדט איר? מוישקע האָמאן איז דאָך אַפרומער איד,
זיינע קינדער דאַוונען דאָך מאירעוו.
אַ סימען, אַז בא אים קלאַפּט נאָך א אידישע גליד.

סווערזשאנאָווסקי:

רעב יאַנקעוו טעוויע, עס וועט זיין גוט, לאָמיר האָפן.
זייטשיק איז אַ איד אַ סויכער, מיר האָבן מיט אים
געטראָפן.

ראַפּפּאָרט:

האַלעוויי ריבוינע שעל אוילאָם, פריער דו און דערנאך
מוישקע האָמאן.

(אַ טאנץ אַפן ניגן פון „ישמחו״).

פאָרהאַנג.

## שווארצע בירזשע.

נעמיגע. די שווארצע בירזשע. אידן לויפן אום שרייען, בייטן צענערלעך, „דאיאש״, „בעריאש״ א יאריד.

1-טער ספעקוליאַנט:

פעטער, וואָס קויפט איר צענערלעך, צי אַן אַנדער זאַך?
קומט אַהער, כ׳בעט ניט קיין סאַך.

2-טער ספעקוליאַנט:

ווי טייער ווילט איר?

1-טער ספעקוליאַנט:

ווי טייער גיט איר?

2-טער ספעקוליאַנט:

אויב מיט אַ פערטעלע, נאַט אייך געלט און גיט אַהער.
מער וועט איר אַלצאיינס ניט נעמען — דער אַרטיקל גייט זייער שווער.

1-טער ספעקוליאַנט:

די צייט קריינקען מיינע סאָנים מיט אייך אין איינעם,
וואָס איך וועל נאָך האַלטן אין נעמען אַ מעקעך אַ שיינעם

1-טער קרעמער:

פאַני דרייקאָפּ, שטייט אַ ווײַלע! וואָס לויפט איר אַזוי? פונקט ווי איר וואָלט נעמען „סלאביטעלנע״.

2-טער קרעמער:

אי, פרעגט שוין גאָרניט, מען האָט מיר דעם מאָל אַריינגעהאַקט די עמעסע „אוראַווניטעלנע״.

1-טער קרעמער:
שאַ! איך פרעג באַ אייך, מיט וואָס זייט איר
מער יאַכסן פון מיר?
פאַרפאַלן, פאַני דרייקאָפּ מען מוז ליידן ביז אַ צייט.
זאָגט מיר, וואו קריגט מען אַביסל זאָקן פון יענער זייט?

2-טער קרעמער:
זאָקן וועט איר באַ אונז קריגן
נאָך שאַבעסדיקער וואָך.
אויב ס׳וועט דורך קעשורע
און מען וועט ניט כאַפּן דעם בראָך.

1-טער קרעמער:
איז ווען קאָן איך דאָס וויסן?
ווייל איך מוז האָבן די זאָקן גויטיק ווי לעבן.

2-טער קרעמער:
איר וועט זיין די טעג אין שול,
וועל איך אייך אַ טשואווע געבן.

1-טער ספעקוליאנט:
אויב איר ווילט דעם מעקעד, וואָס איך האָב אייך
פריער געזאָגט, נאַט אייך געלט.

2-טער ספעקוליאַנט:
וויפל?

1-טער ספעקוליאַנט:
גלייך אף גלייך.

2-טער ספעקוליאַט:
גיט אהער געלט, זאָל זיין פאַר אייך.

## אופטריט איד.

א י ד: איר האָט שוין געהערט פון דעם ?

א ל ע:

פון וועמען ?

א י ד:

מיטן נייעם שויכעט איז גאָר ניט פיין,
שוין צוויי טעג פונקט ווי אין וואַסער אריין.

א יי נ ע ר:

דאָס וואקסט געוויס פון די שאָכטים, אנדערש זאָלט
איר גאָרניט קלערן,
זיי האָבן שוין לאנג געוואָלט פון אים פאָטער ווערן.

א צ וו יי ט ע ר:

פון די שאָכטים? ס׳גלויבט זיך עפעס ניט, און עפשער?

## אופטריט נעפמאַן:

נ ע פ מ א ן: ניט גוט, מען האָט זיי אריינגעזעצט אין כאַד גאַדיע.
מען מוז גלייך לויפן צום ראָוו.
זיי ווערן באַשולדיקט אין לוי סירצאַך.
אַזוי זאָגט פון „אוגאָלאָוונע" טשערטאָוו.

אַ ל ע:

זיי זאָלן וועלן האַרגענען א מענטשן? ס׳גלויבט זיך
ניט,.. און עפשער.

## אופּטריט ציעניסט:

צ י ע נ י ס ט:

גוואַלד, אידן, וואָס שווייגט איר?
איך קאָן דאָס ניט פאַרשטיין.
זאָל זיין, אַז זיי זיינען יא שולדיק,
מוז מען דאָך אויך שרייען, אַז ניין!

ס'איז דאָך א כאַרפּע און א בושע
פאַר דער גאַנצער רעליגיע.
מיר מוזן שרייען, אז ס'איז א בילבל
און פאַרשפּרייטן דעם קלאנג אף נעמיגע.

אײנער:

פרעגט זיך אָבער אַ קאַשע,
צי װעלן די קלאַנגען האָבן א מאַמאָשעס.
די גדוילים איז שוין גאַנץ גוט באַװאוסט אונזערע
דראָשעס.

ציעניסט:

אויב נאָר די קלאַנגען װעלן פאַרשפּרייט װערן װייט,
װעט מען געװיס מאַכן א טומל פון יענער זייט.
דער „היינט" און מאָמענט" װעלן פון דעם א גאַנצן
צימעס מאַכן.
און דער „פאָרװערטס" זוכט דאָך נאָר אַזעלכע זאַכן.

## אופּטריט עטלעכע אידן:

אײנער:

דער הונט איז װערט דעם שטעקן,
איך בין זייער צופרידן.
װעלן פאַטערן א מענטשן,
און װער?—אזעלכע פרומע אידן!

ציעניסט:

און איך זאָג, אז ס'איז אינגאַנצן קיזעװ װעשעקער,
אן אויסגעטראַכטע זאַך פון זייער „װעקער".

א אידענע:

איך האָב אָבער באַלד פאַרשטאַנען, אז ס'איז ניט
ריכטיק.
װאָרום, װאָס האָט עס טאַקי פאַר א שטאַלט,

כוישעד זיין שאָכטים אין אַזעלכע זאַכן—
רעב אורע זייטשיק זאָל הייסן אָפּלייגן אַף קאַלט,
ס׳איז דאָך גאָר צום לאַכן.

צ י ע נ י ס ט:

מען דאַרף דאָך האָבן אַ האָזע,
מאַכן א בילבל אַף אַזעלכע שיינע לייט.
דאָס איז דער צווייטער ביילים,
ס׳כאַזערט זיך איבער די אַלטע צייט.

**אופטריט, א איד מיט נייס.**

שאַ, דער גאַנצער בילבל איז קיין גראָשן ניט ווערט,
כ׳האָב נאָר וואָס פרישע נייס געהערט.

אַ ל ע: וואָס?!

א י ד מ י ט נ יי ס:

קאלינין האָט ארויסגערופן אין מאָסקווע
קראָלן פון מיליציע מיט זיין גאַנצער קאַפּעלע.
מ׳האָט אים דאָרטן אָנגעריבן א מאָרדע,
און ס׳איז אַ סוואָרע, אז ער גייט אַראָפּ פון דער
שטעלע.

אַ ל ע:

אַ דאַנק דיר, האַרציקער פאָטער!

א י ד ע נ ע:

זיי האָבן דאָך געקאָנט פאַרשוואַרצט ווערן אין
אסטראָג פאַר אזאַ זאַך.
ס׳איז דאָך ניט קיין קאטאָוועס.
א דאַנק דיר ריבוינע שעל איילאַם.
אַ סימען, אַז זיי האָבן נאָך זכוס אָוועס.

פון הינטער די קוליסן א שטים: **אופשטיין דער געריכט גייט!**

אפן בינע ווערט פינסטע־, אלע בלייבן שטיין. ס׳ווייזט זיך א בילר פון געריכט.
זייטשיק, ראפפאָרט, סווערזשאנאָווסקי שטייען אונטער א וואך.

פאָרזיצער פון געריכט: (געזאַנג)
הערט א מאיסע וואָס איז געשען,
דאָס איז בא אונז אין מינסק געווען.
די שאָכטים האָבן א טרעסט געמאכט,
נעמען גרויסע מעקאָכים האָבן זיי געטראַכט,
געקומען איז א שויכעט מיט אַ נייעם פּרייזקוראַנט
און אלעמען געהערט ווי די וואַנט.
אַ מיטל האָבן זיי געזוכט מיטן ראָוו צוזאַמען,
ווי אַזוי מען זאָל אים פון וועג אָפּראַמען.
געפונען האָבן זיי א קאָשערע טרופע,
און געוואָלט מאַכן אן „עגלאָ ארופע”.
זייטשיק איז צו האָמענען געלאָפן,
מיט יאַנקל דעם בלאַטן זיך דאָרט געטראָפן.
רעב מוישע, אף אייך קאָן מען זיך פאַרלאָזן,
יאַנקל זאָל עס מאַכן בעכיפאָזן.
די זאַך איז איז א צינד פאַר אַלעמען קלאָר,
מיר בעטן זיי זיצן עטלעכע יאָר.

אפן בינע ווערט ווייטער פינסטער דאָס פריערדיקע בילד פון נעמיגע, אלע בלייבן ווי פארשטומט.

איינער:
וואָס זאָגט איר איצטער, אַ ריכטיקע זאַך?

צווייטער:
יאָ, א פאָנים אף קאַלט, אַזוי איז געווען די שפראַך.

אידענע: (צום ציעניסט):
וואָס זאָגט איר אפן פראָצעס?

צ י ע נ י ס ט:
אי, וואָס זאָל איך זאָגן...
געווען נאָך פריער צוגעגרייט פון וו. צ. ס. פּ. ס.

אַ ל ע: וואָס?

צ י ע נ י ס ט:
פאַר מיר איז דאָס סאי ווי סאי ניט קיין מדינע,
איך פאָר אוועק אין פּאַלעסטינע.

א ל ע: פּאַזשאלויסטא. (ציענִיסט אפּ)

צווייטער ספּעקוליאַנט:
איך פאַרשטיי ניט, וואָס דארף עס אונז אַרן,
שאָכטים... האָמאָן... אף קאַלט?
זאָגט בעסער, ווי איז מיט דאָלאַרן?

אַ דריטער:
מיט דאָלאַרן איז שוין גראַדע גוט,
ס׳הויבט זיך פון מינוט צו מינוט.

אַ פערטער:
גוואלד אידן, ס׳הויבט זיך!
(געזאַנג).

וואָס דארפן מיר טראכטן וועגן אזעלכע זאַכן,
יע, צו ניין, אדער טאַקע אף קאַלט.
אונזער אייסעק איז נאָר א רובל מאכן,
אויב עס הויבט זיך איז בעסער, ווי עס פאַלט.

דערפאַר ניט פאַרלירט קיין צייט
און קנעפּלעך אף דאָלאַרן בייט.

אַי, גוואַלד אידן, ס'הויבט זיך אָף דאָס ניי.
דאָס איז געוויס א יעשוע פון אויבן,
די שאָכטים זיינען צאַדיקים אלע דריי
נאָר אויב צוליב א רובל, קאָן מען גלויבן.

אורע זייטשיק איז א פרומער מאַן,
נאָר מאכן א רובל קאָן ניט שאַטן,
געזוכט האָט ער א גוטן פלאַן
און טאַקע בא יאַנקל דעם בלאַטן.

ס י ם

(פ אָ ר ה אַ נ ג).

## באמערקונג פאר דעם רעזשיסאָר.

די ערטער, וואָס זיינען באַצייכנט מיטן וואָרט „געזאַנג״, ווערן געזונגען מיט מאָטיוון פון באַקאַנטע אידישע פאָלקס-לידער און אויך ספּעציפיש-רעליגיעזע ניגונים.

אין דעם פאַל קען דער רעזשיסאָר פריי צופּאַסן מאָטיוון נאָך זיין אייגענעם געשמאַק.

די וועלכע ווילן באַקומען די נאָטן פון די מאָטיוון, וועלכע זיינען צוגעפּאַסט געוואָרן אין מינסק—קענען זיך ווענדן צום מעכאַבער לויטן פאָלגענדיקן אַדרעס:

מינסק, לענין-גאַס נומ. 13 שימשעליעוויטש.

Минск, Ленинская 13 Шимшелевич.

М. ШИМШЕЛЕВИЧ.

# МИНСКИЙ ТРЕСТ РЕЗНИКОВ

**Музыкальная сатира в 5 картинах**
**с предисловием т. Гериса.**
**Минск, 1925 года.**

**Цена 50 коп.**

ИЗДАНИЕ
**Центрального Совета Профсоюзов**
**Белоруссии.**

